# א. בּארטא



יידסעקטאר מ.פ. פון ווייסרוסלאנד · 1935

ווי באמ ברודערל באמ שווארצנ

שטענדיק זייַנע הערלעכ סטאר-
טשענ,

קרייַזלענ ווי זיכ אלעמאָל,

ווי בא שעפסעלעכ דאָס וואָל.

ער איז בויגעוודיק

און שוואַרצוויגעדיק.

מיט די פיסלעכ קלאפט ער,
קלאפט ער,

אפ זייַנ אויפנ נעמט ער פלאפלענ:

„גילי—מילי

גאַי!





װי באם ברודערל באם געלנ

די קאסאָקע אויגנ קװעלנ,

אונ די הערלעכ שװארצינקע,

שארפע באָדלענ הארטינקע.

ער איז פלינק אזוי,

ער איז גרינג אזוי.

מיט די פיסלעכ קלאפט ער,

קלאפט ער,

אפ זײַנ אויפנ נעמט ער פלאפלענ:

„טשינגע—לינגע

טשענ!"



טונקל איז פון זיי דער [illegible]
שוואַרצע אויגעלעך און ספּריט[illegible]
ער איז אַ ברודערל אַ בראַווער
און זײַן לײַב איז ברוין, ווי קאַווע.
מיט די פיסלעך קלאַפּט ער,
קלאַפּט ער,
אַף זײַן אויפן נעמט ער פּלאַפּלען:
„קיווא—קיווא



און באם יינגעלע באם וויַיסנ
אזא פרייד פונ קעלכל רײַסט זיכ,
אויגנ בלויע פערעלעכ,
ווי פונ לײַנ די הערעלעכ.
מיט די פיסלעכ קלאפט ער,
קלאפט ער,
אפ זײַנ אויפנ נעמט ער פלאפלענ:

„מא—מע!
מא-מע!
מא!

אָט דעם שווארצינקנ איר זונ
זינגט די מאמע איצט דערפונ:
„אָי-לאַ!
ס'איז דער טאָג שוינ לאנג אנטלאָפנ
כ'לייג מײַנ זונעלע איצט שלאָפנ!
אָי-לאַ!
ס'איז דער טאטע נאָך ניטאָ,
איז אוועק אינ פריִער שאָ,
דאָרטנ שלעפּט ער שווערע פּעק,
קומט פארמאטערט פונעם-וועג.
אָי—לא"!

וועל איך זינגענ לידער:
„וואקס מײַנ קינד, מײַנ קליינס,
דו פארמאָגסט דאָך ברידער,
דו ביסט ניט אליינ.
ס'איז די טאטעס שווער איצט,
ווען די זינ זײַנ גרינג.
שלאָפ זשע, שלאָפ, מײַנ שוואר-
צינקס
פּיצעלע מײַנ קינד!"



אָט דעם געלינקן איר זון
הויבט די מאמע אָן דערפון:
„שלאָף מײַן קינד,
שלאָף יו-דזינ!

זײַד געוועבט א גאנצן טאָג,
איז קיין קויעך מער ביטאָ.

אָי, ס'טוט ווײ מיר יעדער גליד,
אָי, ווער ווייס ווי איך בין מיד,
און ס'האָט מיר דער באלעבאָס
גאָרניט ניט באצאָלט פאַר דאָס.





וועל איך זינגען לידער:

„וואַקס מײַן קינד, מײַן קליינס,

דו פאַרמאָגסט דאָך ברידער,

דו ביזט ניט אליין,

וועסט מיט זיי צוזאַמען

זײַן אין רויך, אין פלאַמען.

זינג וועסט מיט זיי

אין איין גרויסער ריי.

שלאָף, מײַן קינד,

מײַן יו-דזינג"



אַט דעמ טונקעלנ איר זונ
הויבט די מאמע אָנ דערפונ:
„איַי—יאַ!

לאָז דעמ טאטנ, וועק אימ ניט,
ס'איז דער טאטע זייער מיד,
איַי—יאַ!

זאָל ער שלאָפנ, ווייַל דערנאָכ
דאַרפ ער ווידער גייג אינ יאָכ.
אַפ די פעלדער דאָרט אינ קויט
וויפל שוינ געפאַלנ טויט?
איַי—יאַ!





אָפּרוּען זיי לאָזט מען ניט.

ס׳לאָזט דער באַלעבאָס זיי ניט.

װעל איך זינגען לידער:

„װאַקס, מײַן קינד, מײַן קליינס.

דו פֿאַרמאָגסט דאָך ברידער,

דו ביסט ניט אַליין:

סאיז די טאַטעס שװער איצט,

װעט די זין זײַן גרינג.

שלאָף זשע, שלאָף מײַן כּיעס,

פּיצעלע, מײַן קינד!״



אונ דעמ װײַסינקנ איר זונ  
הױבט די מאַמע אָנ דערפונ:  
„קער זיכ איבער,  
ייִנגעלע,  
זװיג ניט מער  
דאָס פינגערל.  
אײַ-ליו-ליו, מײַנ קלײנינקער,  
אײַ-ליו-ליו, מײַנ שײנינקער.

דו װעסט אױסװאַקסנ אונ העלנ,  
דו װעסט זײַנ א יונג — א כװאַט.  
אינ זאַװאָד װעסטו זיכ שטעלנ  
מיטנ טאַטנ באַמ װאַרשטאַט.





אין א שלאכט דײַן טאטע האָט
אָפּגעשלאָגן דעם זאוואָד,
אז זאָלסט פאר זיך, מײַן קינד,
קענען ארבעטן אצינד.
װעל איך זינגען לידער:
„אײַ-ליו-ליו, שלאָף אײַן!
ביזט פארגעס די ברידער
דאָרט אין קאנט פון פײַן!
װעסט עפּשער צוזאמען
זײַן מיט זײ אין פלאמען.
ס'װארט אף אײַך דער זיג.
שלאָף!
שלאָף אײַן
אין װיגן"

פרייז 70 קאפ.
ЦАНА 70 КАП.



*НА ЯУРЭЙСКАЙ МОВЕ*

Барто

БРАЦІШКІ

Дзяржаўнае
Выдавецтва
Беларусі

Менск — 1935

★

*НА ЕВРЕЙСКОМ ЯЗЫКЕ*

Барто

БРАТИШКИ

Государственное
Издательство
Белоруссии